אמאר באיאם.

# פערזען

פון'ם בעוואוסטען פערזישען דיכטער.

איבערזעצט פון

## נ. א. הארוויץ.

לאנדאן, 1911.

פרייז:— 2½ פעני; 5 סענט; 10 קאפיקעס.

מיט בעשטעלונגען זיך צו ווענדען צו:-

L. FRIEDMAN, 1, Vallance Road, Whitechapel, London, E.

ל. פרידמאן'ס דרוקעריי, 1, וועלענס רויד, ווייטשעפעל, איסט.

אמאר כאיאם.



# פערזען

פון'ם בעוואוסטען פערזישען דיכטער.

איבערזעצט פון

נ. א. הארוויץ.

לאנדאן, 1911.

ל. פרידמאַן'ס דרוקעריי, 1, וועלענס רויד, ווייטשעפעל, איסט.

# איינלייטונג.

---

אָמאַר כאַיאַם איז געבאָרען געוואָרען אין 1טען העלפּט פון 11טען יאָהרהונדערט, אין דער פּראָווינץ קהאָראָסאַן, אין דער שטאָדט ניסהאַפּור — אַן אָרט זעהר געליבט פון די געאָגראַפען פאַר'ן קלימאַט און די שעהנקייט פון די פּלאַנ־צונגען און גערטנער אַרום.

זיין פאָטער איז געווען אַ בעל מלאכה, אַ צעלט־מאַכער. פון זיין קינדהייט ווערט גאָרנישט ערצעהלט. מיר ווייסען נור, אַז אין זיין יוגענד קומט ער אַרוים פון'ם „מעדראַשי", אַ הויך־שוהל, וואו ער האָט צוזאַמען געלערענט מיט דעם שפעטער בעוואוסטען פריים־מיניסטער ביים קעניג אורסלאַן — ניצאַם אול מולק.

אַ דאַנק דיזען שוהל חבר האָט ער בעקומען פון יענעם גנעדיגען הערשער די מעגליכקייט זיין לעבען רוהיג פער־ברייגגען, און עס ווידמען צום לערנען און פאָרשען.

עס ווערט דערצעהלט, אַז ער פלעגט ליעב האָבען אָב־צוזיצען גאַנצע אָבענדען אויף'ן גאַניק פון זיין הויז ביים לבנה־שיין און פלוידערן און פלאַפּלען מיט חברים און גוטע פריינד, און דער „לחיים" פלעגט נאָך דער רייהע נאָך פער־טהיילט ווערן.

וואַהרשיינליך זיינען פֿיעלע פֿון ויינע פֿערזען דאַן אַלס גוטע ווערטער געזאָגט געוואָרען, כאָטש ס'איז צו גלויבען, אַז ניט אַלעס וואָס געהט אונטער זיין נאָמען איז פֿון איהם געזאָגט אָדער געשריבען געוואָרען.

נאָך זיין טויט האָבען גייסטליכע און סתם געגנער־געלעהרטע זיינע שריפֿטען אונטערדריקט אָדער פֿערניכטעט

---

1.

די וואָלקענס זעלבסט צו רויזען ברייננגען טהויען,
נו, ווי זאָל איך דעם וויינטרויב פֿאַר אַ זינד בעטראַכטען?
אויף דיזען גרין איז'ס אונזער וואוילטאָג —
וועט אויך דער גרין פֿון אונזער ערד ערפֿרעהען? . . .

2.

פֿאַר דיר און מיר פֿאַראיבער זיינען טעג און יאָהרען,
ניט צו געבען טס'קיין אויג ניט וואַגען, —
דערום שאַ, שטיל! בעזאַכט דיין פֿוס שטעל!
דען טאָמער טרעטסט דו עס אויף חן'עווריגע באַקען! . . .

3.

דעם כוס! כל זמן אין ברוסט איז פֿלאַקער,
ווי קוועק-זילבער, פֿערלירסט דו באַלד דעם מוטה;
דער פֿינסטערער דרימעל איז דאָס גליקס-ערוואַכען —
די יוגענד, ווי אַ באַרג־שטראָם פֿערפֿליהט! . . .

4.

גענוס און ווייִן! דער מענש דערצו זאָל שטרעבען,
מאָראַל און פֿרומקייט איז בעטרוג;
פֿערמאָגסט דו וואָס מיין כלה,*) פֿרעג איך איהר צום ערשטען;
„ניין תענוג דאָך גענוג!" . . .

5.

— ווער וויים די כלי
ט'אויך געזונגען ווי איך;
די הענטעל איז פֿילייכט געווען אַן אַרם —
און איין בילד־שעהנע געהאַלזט . . .

6.

ניט איין נאַכט אין פֿאָרשען האָב'ך פֿערבראַכט —
ביז ס'פֿלעגען טהויען, פֿינקלען מיינע ברעמען;
און נאָך איז לעער דער מוח־קאָרב —
אַמאָל ווער'ס אומגעקעהרט וואָס דאָך בענעהמען . .

*) די ערד.

7.

פֿון שענקען־טהויער אין בין השמשות־טרויער,
איין טאָג עס רופֿט: צו מיר אייך קעהרט —
קומט חברה, יונגען! נאַרען, גיסט אין בעכער!
זאָלאַנג אַ בעכער פֿול איז אייך בעשעהרט . . .

8.

ווען ס'שמעקט מיט מאַי — דער וויין דערבײַ!
קלינגט האַרף און פֿלייט, דאַן משקה ניט פֿערשפּאָר;
איך טרינק און טרינק — און זאָל מיר וואויל בעקומען!
קיין חשק ניט — צום טייוועל! צום שוואַרץ־יאָהר!

9.

קיינער ז'ניט דערגאַנגען נאָך דעם אור־קוואַל פֿון'ם דאָ;
ניט אויסער און ניט אין דערגעהט דער געדאַנק;
דער לעהרער שוואַך איז — און דער תלמיד קראַנק —
די מוטער אַ פֿער'חלש'טע, — און בלייך וואָס נור פֿון איהר!

10.

דער שלאָס! אַמאָל געשטיגען ט'ער צום הימעל;
שררה נאָך שררה ט'געהוליעט און געקומען צורוה!
די טורטול־טויב אַצונד זי זיצט אין זיינע רעסטען,
און פֿון דער פּוסטקע שרייט זי עס: קוק־אוּ . . . קוק־וואו.

11.

איך וועל ווי אַ בוים ענטוואורצעלט פֿאַלען —
מיין לייב וועט גליער ביי גליער צופֿאַלען —
דאָך קנעט מען קריג דערפֿון פֿאַר ווייגען;
אַזוי ל'איך אויפֿשטעהן תחית המתים! . . .

12.

בעזונדער שטיין געפֿאַרט ליגט דער רובין,
דעם פּערל געפֿינט מען בעזונדערן מין;
וואָס ס'זאָל ניט זיין דער ליעבעס וואונדער —
זי רעדט צו יעדען בעזונדער!

13.

קיינער ט׳נאָך ניט ווידערקעהרט מיט אָנזאָג
פֿון יענעם שלענגעלדיג־שווערען וועג;
שפרינגג נתפעל דערום ניט אויף פֿון טרוימען —
ווי לאַנג וועסט דו אין הארבעריג נאָך זוימען?

14.

אָה פֿריינד בעשטעל וויין אין געטראַנקען־הויז,
בעפֿאָר דו ביסט פֿון נויט און גרויל פֿערהאַלטען;
דו אונבערעכענטער! בעת דו ווערסט בעגראָבען:
גראָבט מען דיר צוריק וו׳אַן אבן־טוב ניט אויס! . . .

15.

מיר זיינען פופען אויף׳ן שאַך־ברעט,
אַ שפּיעל־צייג ביים געשיק;
א צייט־פֿערטרייב! און ווערט עס נמאס —
אין קאַסטען וואַרפֿט מען שטיק נאָך שטיק! . . .

16.

גיב אַכטונג טעפּפּער! אָה ניט שטאָפּ,
דעם ליים — — אַזוי געשווינד — די קאָפּ,
קען זיין ס'איז פֿון ן'אַמאָליגען קעניג,
אויב ניט דער שוואַרץ-אַפּעל — וואָס טראַכסט דו זיך?

17.

דאַכט, אַז היימליך זיצט דו
ביי אַ טיש געגרייט;
ערקוויקסט זיך, ביסט צופֿריערען:
דאָך שוין! — דו נעהמסט אָבשייד! . . .

18.

איך טרינק דעם דופּטיגען ווין און יערער מעג'ס פֿערזוכען,
פֿון'ם אַלטעבטיגען די ריינסטע גאַבע איז'ם משמעות;
בעוואוסט איז איהם געוועז, אַז ווינען וועל איך שלוקען —
אויב ניט נעהאַט האָט ער אַ ביטערן טעות! . . .

19.

פֿון גלויבען ביז צום צווייפֿלען איז אַ הויך,
פֿון פֿאַלש ביז וואָהר ז'אַ הויך;
דערום כאַפּ אַריין די רגע —
אַ הויך ז'דיין דויערן אויך . . .

20.

ס'איז אונז פֿערשפּראָכען אַ גן עדן
פֿון ווייגען און אַ פֿעטען ביסען. —
גיך מיט'ן קרוג! די געגענוואַרט הנאה
וועגט פֿיעל מעהר פֿון'ם שפּעטערען געניסען . . .

21.

דעם וויין איז אימער צו געפֿינען,
אָט איז עס פֿלאַנצע, חיה ווערט עס נאָך —
מיין ניט — ס'ווערט אַמאָל פֿערפֿאַלען;
די פֿאָרם פֿערשווינדט — נור ניט די זאַך!

22.

פֿון ליים בעשאַפֿען מיר, — וואָס איז צו טהאָן?
ווי זייד בין איך געוועבט, — וואָס איז צו טהאָן?
סיי גוט, סיי בייז, ווי נור איך זאָל מיר פֿיהרען,
דאָס איז בעשטימט, — וואָס איז צו טהאָן?

23.

טרינק ניט צופֿיעל, ביסלאַך נור אין זופּען
פֿון קריסטאָל'נעם־כוס אין רויזען־ליפּען:
פֿון איין כוס מיט דיין ליעבסטע —
אַזוי סט'דו יעדען זאָרג פֿערטריבען! . . .

24.

ס'בעגינט צוגלייך מיט'ן מאָרגען־רויט,
גים אָן דעם כוס מיט רויטען וויין!
דען ד'זעהסט זיך ניט אַרום — און ס'לעבען
שווינדט ווי אין דערפֿריה, דער פֿאַלשער שיין! . . .

25.

צי ס׳שמייכעלט דיר דער הימעל, צי ס׳שאול תחתיה דראָהט;
דאָס לעבען פליסט נאָך עוויגען געבאָט;
איינס איז געוויס און ס׳איבעריגע ז׳פערהוילען:
„פערבליהטע בלומען מוזען פוילען! . . .

26.

אי דו נאָך וועמען יעדער איז פול זעהנזוכט,
און נאָכצופאָרשען האַלט מען פאַר העכסט וויכטיג! —
ביסט ואָגענאַנט און ואָגענאַנט דאָך שטאַמלער! —
אַלע מערקען — דאָך קורצזיכטיג, דאָך קורצזיכטיג!

27.

איך בין געוועזן ביים טעפּפער נעכטען,
און קויפענדיג אויסגעפּרואווט אַ קריגעל:—
„איך בין אַ בעטלער־ביין”, זאָגט ד׳הענטעל,
די האַלז, „די האַלז פון אבת־מלכה”! . . .

28.

בעפריים פון גוף, פון קומערן און וועה
ווערסט דו אין גאַנצען לויטער גייסט;
וואָהנסט אין הימעלס־צעלט, דו שוועבסט אין בלוי —
ביזי בווּנות! ווען ד'ערד זיך בעווייזט! . . .

29.

געווים אַ סוף צו דעם וועט קומען,
ס'איז ניט פון מיר ווי ניט פון שענק געווענדט;
דאָך אָהנע ערגערניש! כל זמן דער בעכער איז אונז צווישען:
פערלאָז דיך דערויף, — גאָט איז ביי אונז אין ד'הענד! . . .

30.

ווייט און בריים איז היילִיג דער קאָראַן,
דאָך לייענט מען איהם נור ביי אַ געלעגענהייט;
און איוף'ן בוים געצייכענט איז אַ פערז, —
איהם לעזען — אַלעמאָל בעריים!

31.

די וויזהייט־זריעה האָב איך הין און הער געשפּרייט;
און איך געהאַוועט ס'זאָל דאָס פּרוכט גערייהען —
דאָס איז די תבואה וואָס כ'האָב איינגעבראַכט:
„וו'אַ וועל בין איך געבאָרען, וו'אַ ווינד וועל איך פערגעהן!" . . .

32.

דעם וויין טרינק איידער מ'האָט דיך אונטערבראָכען,
דער עגמת נפש ווייכט וואו נעקטאַר גרייכט;
צולאָז די האָר דיין ליעבסטע, בענדעל ציה נאָך בענדעל:
לייז ט'באַלד ווערן אויך דער באַנד פון ד'קנאָכען . . .

33.

נור ניט געפאַלען! דאָס וואָס דיר פערדריסט,
שלאָג אַרויס — און זיי דיר משמח;
איז וויין ניט בלוט פון דר'ערד פון דיין רוצח!?
טרינק בלוט פון דעם ווער דיין, דיין בלוט פערגיסט!

34.

דער גריבלונגס־מייסטער דער וואָס ט'חושך דורכגעדרונגען,
דער פאַקעל־טרעגער ווער ס'ט פערשפרייט די
טוגענד'ס־פונקען ;
זיי האָבען אונז נור מעשה'לאך ערצעהלט,
און זיינען שלאָפען ווי פיעל אַנדערע אַוועק!

35.

היינט איז עס שעהן! א שטראַהל מיט במאַרע
וואַשען פון אַ בלום דעם פיל ;
און ס'שיינט די נאַכטיגאַל דערמאָהנט אונז:
טרינק דעם ווין בעפאָר דעם שפיעל! . . .

36.

ביזט פערשלייערט און פערהילט,
און ערשיינסט פון הינטער'ן פאָרהאַנג ;
דאָס אום מיר ועלבסט אין נחת דיר פערוויילען,
וואו פובליקום ביסט דו צוגלייך ווי אַן אַקטיאָר! . . .

37.

אויב גאָט האָט אין גן עדן ווײַן פֿערשפּראָכען,
וואָרום ניט טרינקען איהם דאָ?
צי דען איבער דעם קעמעל פֿון האַמצאַה*)
ווּעמען אַ שכור'ער שלעפּער האָט געשטאָכען?...

38.

איבער אַן עבירה — ס'אַראַ מורא!
ווער ס'טניט געזינדיגט ווייס דען פֿון פֿערטראָגען?
וואָרום פֿערגעבען אויב עס גיט קיין זינד ניט!
וואָרום זשע אימער דאָך זיך פּלאָגען?...

39.

דאָס ווײַנען ד'עיקרים: „גאָט אַלײן פֿערעהר",
„דעם ביסען ברויט אַ הונגעריגען — אויב דאָס עסט ער!"
„זיי קיינעם ניט מצער — און ניט לעסטער!"
איך זאָג צו יענע וועלט: — ווײַן אַהער!

*) אַ קרוב פֿון מחמד, אַ סברא, אַז דאַרום האָט ער דעם ווײַן גע'אסר'ט.

40.

פֿון ווייטען קומט אמנוול אויפֿגערעגט*)
ניט פֿרוי, ניט מאַן מיט העליש הויט בערעקט;
ס׳געפֿעס צוברעכט ער — און דער וויין צעררינט:
און שווינדט פֿון לייט געריהמט און אויך בעדיענט . . .

41.

אויב צעשמעטערט ווערן הימעל און שטערען
וועל איך מיר אָנהעןנגען ביים בורא׳ס שוים און וועהרען:
וואַרום זאָלסט דו מיין לעבען צונעהמען?
וואַרום? וועסטו׳ס אומקעהרען?

42.

אַ לאָנגעל וויין — אַ לעבעל ברויט —
און ליעדער — דו זאָלסט זינגען:
אין אַ חורבה — אפילו אין דער וויסטע —
ווער וואָלט דען בעסערס ווינשען!

*) דער מוללאַה.

43.

אודאי זענען מיר דער שעפּפונגס־צוועק
דאָס בחיר אין ס'העכסטע אין'ם מיטען;
דער שטערען־לויף קומט פאַר מיר ווי א רינג —
דערין מיר ערעל־שטיין געשניטען . . .

44.

רופט און פאַנטאַזי — אָה פריינד,
דאָס וועסט דו נור פון ווין ערפאַהרען. —
און שטאַרב איך — וויל'ך אַ וויינען־טהרה,
און ב'פערזאָג אַ ווין־שטאָק אָרון! . . .

---

## דרוק־פעהלערן.

| | | | | | | | | |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| פֿערז | 24, | שורה | 1 | שטעהט | ס'בעגינט | — | דאַרף זיין : | ס'בעגינט ! |
| „ | 26, | „ | 1 | „ | אי | — | „ | אָ |
| „ | 28, | „ | 1 | „ | קומערן | — | „ | קומער |
| „ | 36, | „ | 3 | „ | מיר | — | „ | נור |
| „ | 40, | „ | 2 | „ | הויט | — | „ | רויך |

---

## אנמערקונג.

די פֿערזען זיינען געקליבען און איבערזעצט געוואָרען פֿון די איבערזעצונגען פֿון פיטצ־דזעראַלד און וויינפֿיעלד אין ענגלישען, און פֿון מאַקסימיליאַן רודאָלף שהענק אין דייטשען, וועלכע זיינען פֿון פערזישען געמאַכט געוואָרען.

דער איבערזעצער